פערלאַג „די וועלט".

ס. באגאטין.

# עטהיק און מאַרקסיזם.

ווילנא 1907

С. Богатина. Этика и марксизмъ.

Печатано въ Тип. «Вдова и братья Роммъ» Вильна
Уголъ Духовскаго и Глухого пер. соб. домъ № 1/2

Набрано въ Тип. Баскинда Вильна, Завальная ул. д. Троцкаго

# עטהיק און מארקסיזם*).

I.

אונזער ארטיקעל הייסט „עטהיק**) און מארקסיזם". מיר וועלען אבער דא רעדען ניט נאר וועגען דער מארקסיסטישער עטהיק, נאר טיילווייז אויך וועגען די עטהישע לעהרען פון קאנט***) און דעם דארוויניזם. וועגען דער ערשטער צוליעב דעם, ווייל זי שפיעלט אויך יעצט נאך א גרויסע ראלע און האט אנהענגער אויך צווישען די סאציאליסטען; וועגען דער צווייטער, ווייל זי האט געלעגט דעם יסוד צו דער ריכטיגער לעזונג פון דעם עטהישען פראבלעם.

ווי ביי אלע גרויסע פילאזאפען, איז אויך ביי קאנט די עטהיק ענג פערבונדען מיט זיין גאנצען פילאזאפישען סיסטעם און דעריבער מוז מען, כדי זי צו פערשטעהן, האבען א בעגריף אויך וועגען זיין פילאזאפיע איבערהויפט. דער עצם פון דיזער פילאזאפיע בעשטעהט אין פאלגענדעם.

שוין פאר קאנט האבען געוויסע פילאזאפען ענטוויקעלט דעם געדאנק, דאס די זאך, דעם געגענשטאנד ערקענען מיר ניט ווי ער איז אין דער אמת'ן, נאר אזוי ווי ער ווייזט אונז אויס. דער געגענשטאנד האט למשל א קאליער, א ריח נאר פאר אונז און נאר צוליעב דעם, ווייל מיר האבען פינף חושים, וואס דיענען אונז צום זעהען, שמעקען און אז. וו. אויב עס וואלטען עקזיסטירט בעשעפעניסען אהן די דאזיגע חושים, וואלט מען גאר ניט געוואוסט, וואס דאס איז אזוינס טעמים, ריחות, קאליערען, מען וואלט וועגען דעם גאר קיין פארשטעלונג ניט געהאט. דערביי איז אויך קאנט איינשטימיג. ער געהט אבער נאך ווייטער און בעהויפטעט, דאס דער שטח, אנדערש געזאגט דער רוים און די צייט עקזיסטירען אויך ניט פאר זיך אליין, נאר שטאמען פון דעם מענשליכען גייסט. דיזער גייסט, מיינט קאנט, האט אזא איינגעשאפט, דאס ער קען זיך

---

*) אלס מאטעריאל פאר דיזע בראשור האט אונז דערהויפט געדיענט דאס ביכעל פון קאוטסקי „עטהיק און מאטעריאליסטישע געשיכטס-אויפפאסונג" שטוטגארט 1906.

**) עטהיק — די לעהרע וועגען זיטליכקייט, מאראל, ערדליכקייט.

***) קאנט — בעריהמטער פילאזאף, געבארען 1724, געשטארבען 1804.

אַ זאַך פֿאָרשטעלען נאָר אַזוי, אַז זי פֿערנעהמט אַ געוויסען רוים און קומט פֿאָר אין אַ געוויסער צייט. רוים און צייט זענען אויף אַזאַ אופֿן נאָר אַ פֿונקציע פֿון דעם מענשליכען גייסט, אַ פֿאָרמע, אין וועלכער דער דאָזיגער גייסט זעהט אָן די וועלט.

פֿון אַלעם דעם דרינגט אָבער קאַנט ניט אַרויס, אַז די וועלט בעשטעהט נאָר פֿון אונז און דאָס אין דער אמת'ן איז ניטאָ קיין געגענשטאַנדען, ניטאָ קיין וועלט, נאָר עס עקזיסטירען בלויז אונזערע חושים, אונזער גייסט. פֿערקעהרט, ער נעהמט אָן, דאָס דעם געגענשטאַנד, די זאַך שטעלען מיר זיך ניט נאָר פֿאָר, דאָס ניט נאָר די זאַך *ערשיינט* אונז, נאָר זי עקזיסטירט אויך אין דער אמת'ן, פֿאַר זיך אַליין. דעריבער, זאָגט ער, מוזען מיר מאַכען אַן'אונטערשייד צווישען דער זאַך, ווי זי ווייזט אונז אויס, די *ערשיינונג*, און דער זאַך, ווי זי איז אין דער אמת'ן, די *זאַך אַן זיך*, ווי קאַנט רופֿט עס אָן. די זאַך אַן זיך איז אונז להלוטין ניט בעקאַנט, מיר וויסען ניט, וואָס זי איז אַזוינס און מיר וועלען דאָס אויך ניט וויסען; זי איז דער גרענעץ, וועלכען אונזער גייסט איז ניט אימשטאַנד אַריבערצוטרעטען, און ביי וועלכען ער מוז בלייבען שטעהן. פֿאַר דיזען געדאַנק האַלט זיך אָבער *קאַנט* ניט אַזוי פֿעסט, ער טרעט סוף כל סוף פֿון איהם אָב און הויבט אָן צו רעדען וועגען דער זאַך אַן זיך, פֿון וועלכער מיר קענען גאָרנישט וויסען און דעריבער אויך גאָרנישט זאָגען. די וועלט פֿון דער זאַך אַן זיך, בעהויפטעט מיט בעשטימטקייט *קאַנט*, איז אַ גאַנץ אַנדערע, איידער די וועלט פֿון די ערשיינונגען, אין איהר איז ניטאָ קיין רוים און צייט און ניטאָ קיין אורזאַכען. דער לאָגישער שפּרונג, וועלכען דער פֿילאָזאָף מאַכט דאָ, ערקלערט זיך דערמיט, דאָס קאַנט איז געוועזען ניט נאָר אַ גרויסער דענקער, נאָר אויך אַ פֿרומער קריסט; און איהם האָט זיך ניט געוועלט שיידען מיט גאָט און אונשטערבליכקייט, פֿאַר וועלכע עס וואָלט זיך ניט געפֿינען קיין אָרט אין זיין סיסטעם, אויב ער וואָלט געבליבען אויסגעהאַלטען. אויף דעם פּונקט קענען מיר זיך דאָ אָבער לענגער ניט אָבשטעלען.

אויך די עטהיק איז ביי *קאַנט* ענג פֿערבונדען מיט זיין לעהרע פֿון דער זאַך אַן זיך. דער מענש איז ווי יעדער אַנדער געגענשטאַנד פֿון איין זייט אַ זאַך פֿאַר אונז, אַ ערשיינונג, און פֿון דער אַנדערער — אַ זאַך אַן זיך. אַז ער איז אויך אַ זאַך אַן זיך, ווייס דער מענש שוין פֿון דער ערפֿאַהרונג. ער ווייס, אַז אין איהם איז עפּעס דאָ, וואָס האָט ניט קיין שייכות צו דער געוועהנליכער וועלט און וואָס דיקטירט איהם זיין אויפֿפֿיהרונג, בעשטימט זיינע

האַנדלונגען. דיזער אינגערער װעגװײַזער איז דער מאָראַלישער געזעץ. דער דאָזיגער געזעץ האָט ניט קײַן בעשטימטען אינהאַלט און קען איהם אויך ניט האָבען, װײַל ער (דער געזעץ) שטאַמט דאָך פון דער זאַך אַן זיך, װאָס האָט גאָר קײַן בעשטימטע אײַגענשאַפטען ניט. ער איז אַ גאַנץ אַבסטראַקטע פאָרמול, װעלכע קאַנט דריקט אויס אין פאָלגענדע װערטער: „פיהר זיך אויף אַזוי, אַז די מאַקסימע*) פון דײַן װילען זאָל קענען צו יעדער צײַט אויך דיענען אַלס אַ פרינציפ פון אַנ'אַלגעמײַנער געזעצגעבונג“. מיט אַנדערע װערטער: די אויפפיהרונג פון יעדען מענשען דאַרף זײַן אַזאַ, אַז זי זאָל קענען װערען אַ כלל פאַר אַלעמען. דעריבער מוז דער מענש, אויב ער װיל זײַן זיטליך, בײַ יעדער האַנדלונג זיך פרעגען, װאָס װעט װערען פון דער מענשהײַט, אויב אַלע װעלען זיך אויפפיהרען אַזוי, װי ער. דעם מאָראַלישען געזעץ מוז דער מענש פאָלגען אומעטום, צו יעדער צײַט און בײַ אַלע אומשטענדען**). און עס איז פאַר איהם אויך מעגליך איהם צו פאָלגען, װײַל ער איז אין דער סביבה פון דעם מאָראַלישען געזעץ אַ זאַך אַן זיך, װאָס איז ניט אָבהענגיג פון מעכאַנישע אורזאַכען, און איז צוליעב דעם אין זײַנע האַנדלונגען פאָלקאָם פרײַ. דאָס איז אין קורצע װערטער די קאַנטישע עטהיק.

מיר װעלען זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף די סתירות פון קאַנט'ס פילאָזאָפישען סיסטעם איבערהויפט און פון זײַן עטהיק בפרט, דאָס װאָלט אונז פערפיהרט צו װײַט; מיר װעלען דאָ נאָר אויפװײַזען אויף דעם, אַז בעפרידיגען קען די קאַנטישע עטהיק בשום אופן ניט. זאָגען, אַז אונזער מאָראַל שטאַמט פון דער זאַך אַן זיך, װעגען װעלכער מיר װײַסען גאָרניש, איז דיזעלביגע זאַך, װי ענטפערן אויף די פראַגע, װער איז ראובן מיט דעם אָנװײַז אויף דעם, אַז ער איז שמעון'ס אַ ברודער, װעלכער איז דעם פרעגענדען אויך גאָר ניט בעקאַנט. אַנדערש געזאָגט, דאָס הײַסט לאָזען דאָס פראָבלעם גאָר אין גאַנצען ניט געלעזט.

אויף אַ ריכטיגען שטאַנדפונקט בנוגע צו דעם עטהישען פראָבלעם האָט זיך ערשט געשטעלט דער בעריהמטער נאַטוראַליסט טשאַרלז דאַרװין***). לויט דאַרװין'ען איז אונזער זיטליכקײַט

*) אַ כלל, פאַר װעלכען מען האַלט זיך.

**) דעריבער רופט קאַנט דעם מאָראַלישען געזעץ קאַטעגאָרישער אימפעראַטיװ (קאַטעגאָריש=אונבעדינגט, אָהן תּרוצים; אימפעראַטיװ — בעפעהל).

***) דאַרװין – געבאָרען 1809, געשטאָרבען 1882.

נאָר אַן'אינסטינקט, וועלכען דער מענש האָט גע'ירשנ'ט פֿון די חיות און וועלכער האָט זיך ענטוויקעלט פֿון דור צו דור אויף אַ גאַנץ נאַטירליכען אופֿן. די חיות לעבען שוין פֿון אָנפֿאַנג אָן צוזאַמען. דער געזעלשאַפֿטליכער לעבען הויבט זיך בּיי זיי אָן פֿון דעם, דאָס דער יונגער דור בּלייבּט בּיי דעם אַלטען, שפּעטער נעהמט בּיי זיי דאָס צוזאַמענלעבּען אָן אַ בּרייטערען כאַראַקטער; עס ענטוויקעלט זיך דאָס הערדענלעבּען (הערדע — סטאַדע). די רויבּ-חיות טרעפֿט מען אָבּער זעלטען אין איינעם, זיי זענען שוין אַזוי צוגעוועהנט צום קאַמפּף, דאָס זיי קענען אויך איינע מיט די אַנדערע ניט אויסקומען. אַנדערש איז דאָס בּיי די גראָז-פֿרעסער; זיי האָבּען שוין אַ פֿיעל-רוהיגערען כאַראַקטער און דעריבּער איז פֿאַר זיי פֿיעל גרינגער צונויפֿצוקלייבּען זיך אין הערדען. עס איז פֿאַראַן אָבּער נאָך אַ וויכטיגערער טעם, צוליעבּ וועלכען זיי זענען געצוואונגען צו האַלטען זיך איינע פֿאַר די אַנדערע. די נאַטור האָט געגעבּען דעם גראָז-פֿרעסער ווייניג כּלי-זין, מיט וואָס צו ראַנגלען זיך געגען זיינע שונאים, — די ווילדע חיות, — און ער וואָלט לייכט געקענט אומקומען, אויבּ ער וואָלט זיך ניט פֿעראייניגט מיט נאָך אַזוינע ווי ער. די פֿעראייניגונג פֿון פֿיעלע שוואַכע קרעפֿטען בּעשאַפֿט אַ נייע, גרעסערע קראַפֿט, וואָס דיענט אַלס אַ נייער כּלי-זיין אין קאַמפּף פֿאַר'ן לעבּען, דערצו בּרענגען איצטער די קרעפֿטען און די פֿעהיגקייטען פֿון די העכער-שטעהענדע אינדיווידוען נוצען ניט נאָר זיי אַליין, נאָר דער גאַנצער געזעלשאַפֿט; ווען דער שטאַרקערער אין דער הערדע קעמפּפֿט יעצט פֿאַר זיך, קעמפּפֿט ער אויך פֿאַר די שוואַכערע, ווען דער פֿעהיגערער אין געניטערער זוכט פֿאַר זיך אַ גראָז-פּלאַץ, טהוט ער דאָס צו דער גלייכער צייט אויך פֿאַר די ניט-געניטע און ווייניגער פֿעהיגע. אויך ווערט יעצט מעגליך איינצופֿיהרען כאָטש אַ וואָסערע ניט איז אַרבּייטס-טיילונג, וואָס בּרענגט נוצען שוין פֿון אָנפֿאַנג אָן. פֿריהער, למשל, פֿלעגט יעדער איינציגער מוזען אַליין היטען זיך פֿאַר דעם שונא און קיינמאָל ניט קענען רוהיג עסען אָדער שלאָפֿען; יעצט קען שוין איין שומר אָבּהיטען פֿון אָנפֿאַלען די גאַנצע געזעלשאַפֿט.

צוליעבּ דעם, וואָס זיי זענען אַלע מאָל אין איינעם, געוועהנען זיך די הערדען-חיות איינע צו די אַנדערע און עס הויבּען זיך בּיי זיי אָן צו ענטוויקלען געזעלשאַפֿטליכע אינסטינקטען. די דאָזיגע אינסטינקטען געהען איבּער בּירושה פֿון דור צו דור און ווערען וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער. אויסער די ליעבּע צו די חיות פֿון דעם זעלבּיגען מין, ענטוויקלען זיך דערהויפּט די סאָציאַלע אינסטינקטען,

אהן וועלכע די געזעלשאפט קען קיין קיום ניט האבען. דאס איז פריהער פון אלץ דער אלטרואיזם, ד. ה. די איבערגעגעבענקייט צו די אלגעמיינע אינטערעסען, נאכהער דער מוטה, מיט וועלכען מען שטעלט זיך איין פאר די געזעלשאפטליכע ענינים; די דיסציפלין, וואס פאדערט פון דעם איינציגען ער זאל זיך אונטערווארפען אונטער דעם רצון פון כלל; די אמת'קייט בנוגע צו דער געזעלשאפט, וועלכע מען קען דורך רמאות אריינברענגען אין א סכנה אדער ברענגען צו אומזיסטע ארבייט (צ. ב. דורך פאלשע סיגנאלען); לסוף ליעבע צו כבוד, וואס גיט צו דעם אינדיווידואום השק צו ארבייטען פאר'ן כלל. דאס אלץ זענען סאציאלע אינסטינקטען, וועלכע מיר טרעפען שוין אן ביי די היות, אפט אפילו אין א שטארקען גראד. העכסטענס פעהלט דא נאך דאס געפיהל פון יושר, וואס בעשטעהט אין דעם שטרעבען נאך גלייכהייט. אט דער אינסטינקט קען זיך ביי די היות ניט ענטוויקלען און איינפאך דערפאר, ווייל ביי זיי איז גאר ניטא קיין געזעלשאפטליכע אונגלייכהייטען. דיזע אלע סאציאלע אינסטינקטען האט אויך דער מענש געירשנ'ט פון זיינע טהירישע אבות און זיי זענען דאס זיינע מאראלישע געפיהלען, זיין זיטליכקייט. דערפון איז קלאר, דאס די זיטליכקייט איז נאר דער רעזולטאט פון קאמפף פאר'ן לעבען און דאס איהר ציעל איז די טובה פון דער געזעלשאפט, דער קיום פון מין. דאס וועהט מען שוין דערפון, דאס אפט זענען די היות, און אויך די ווילדע מענשען, זיטליך נאר בנוגע צו די אינדיווידוען, וועמעס לעבען עס איז נויטיג פאר די געזעלשאפט. אזוי וועהען מיר, למשל, דאס פיעלע היות, וואס זענען געגרייט צו שטעלען אין קאן זייער לעבען, כדי צו ראטעווען אינגערע אדער שוואכערע חברים, טויטען אהן רחמנות די חברים, וואס זענען געווארען אלט אדער קראנק, און נאר דערפאר, ווייל זיי זענען געווארען איבעריג פאר דעם קיום פון מין.

די זיטליכקייט איז אלזא נאר א טהירישער אינסטינקט. מיר פיהלען זי אבער אין זיך ווי א מין פערבארגענע שטימע, וואס הייסט אונז דאס יע טהאן און דאס ניט טהאן און וואס ווירקט אין אונז אפט אהן א שום אויסערליכע סבה. א דאנק דעם האבען געוויסע דענקער געמיינט, אז די זיטליכקייט שטאמט פון אן איבערנאטירליכער וועלט, פון דער זאך אן זיך, ווי עס האט אנגערופען קאנט. אבער דער עצם פון יעדען אינסטינקט בעשטעהט דאך אין דעם, דאס ער ווירקט בלינד און מיט א זא קראפט, אז מיר זענען געצוואונגען איהם צו פאלגען גאר אהן

שום ישוב-הדעת. אַזוי ווירקט די מוטערליבע און דער אינסטינקט פון זעלבסטפערטהיידיגונג; אַזוי ווירקען אויך די סאָציאַלע אינסטינק-טען, די זיטליכקייט.

דער דאַרוויניזם האָט, ווי מיר זעהען, פאַר די לעזונג פון דעם עטהישען פראָבלעם זעהר פיעל אויפגעטהאָן: ער האָט די זיט-ליכקייט פון הימעל אַראָבגעבראַכט אויף דער ערד, אָבער לעזען איהם האָט ער ניט געקענט. אַ גרויסען שריט פאָרווערטס אין דער לעזונג פון דיזער פראַגע האָט געקענט געמאַכט ווערען נור מיט דער הילף פון דעם מאַרקסיזם.

.II

דער מענש שטאַמט פון די חיות, דאָס איז יעצט אַ בעוואוס-טער פאַקט. אין וואָס בעשטעהט אָבער דער הילוק צווישען דעם ערשטען און די לעצטע? ווען הערט די חיה אויף צו זיין חיה און הויבט אָן צו זיין מענש? פריהער האָט מען געמיינט, דאָס נאָר דער מענש איז פעהיג צו דענקען און צו זיין מאָראַליש. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז אַ טעות; יעצט ווייס מען שוין, דאָס אויך די חיות האָבען מאָראַלישע געפיהלען און קענען דענקען. וועט מען אפשר מיינען, אַז נאָר דער מענש איז אימשטאַנד צו פראָדוצירען, ד. ה. אַזוי אומצואַרבייטען די געגענשטאַנדען, וואָס ער געפינט אין דער נאַטור, דאָס זיי זאָלען פאַסען פאַר זיינע ציעלען, דאָס ער זאָל זיי קענען געברויכען? דאָס וועט אויך זיין ניט ריכטיג. מיר ווייסען, דאָס די אינזעקטען*), די פויגלעך און די חיות מאַכען זיך ערטער, וואו צו וואָהנען, בויען נעסטען, אָרדנען זיך איין געלעגערס א. ד. גל. מיט איין וואָרט, אויך זיי פראָדו-צירען. דער אונטערשיעד צווישען דעם מענשען און די חיות בע-שטעהט אויך ניט אין דעם, דאָס דער מענש ווענדט אָן געצייג און די חיות ניט. וועניגסטענס ביי די מאַלפעס בעגעגענען מיר שוין אויך איינפאַכע, פרימיטיווע געצייג. מיט צווייגען פון בוימער ראַנג-לען זיי זיך געגען אָנפאַלער, מיט דער הילף פון שטיינער קנאַקען זיי ניס א. ז. וו. דאָס איינציגע, אין וואָס דער מענש איז ניט גלייך צו חיות בעשטעהט אין דעם, וואָס דער מענש פראָדוצירט געצייג, טראַכט אויס פראָדוקציאָנס-מיטלען, די חיה געברויכט נאָר די אינסטרומענטען, די געצייג, וואָס זי געפינט אין דער נאַטור;

*) פליגען, ביהנען א. ד. גל.

מִיט זייער הילף בויט זי זיך וואָהנונגען און פּראָדוצירט די זאַכען, וואָס זי דאַרף דירעקט קאָנסומירען, אָבער פּראָדוצירען דאָס, מיט וואָס מען פּראָדוצירט, אויסטראַכטען די זאַכען, מיט וועלכע זי קען ניט דירעקט בעפֿריעדיגען איהרע בעדערפֿניסען, אַזוי ווייט צו קלערען איז די חיה ניט פֿעהיג.

*מיט דעם פּראָדוצירען פֿון פּראָדוקציאָנס־מיטלען, פֿון געצייג הויבט זיך אָן די געשיכטע פֿון דער מענשהייט.* דער אורמענש טיילט זיך דאָ אָב פֿון די חיות און לעגט דעם יסוד צו אַ בעזונדערער וועלט, וואָס ענטוויקעלט זיך אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופֿן, איידער די גאַנצע איבריגע נאַטור. לאָמיר זיך פֿאָרשטעלען דעם מאָמענט, ווען דעם אורמענשען האָט זיך איינגעגעבען צו מאַכען דאָס ערשטע געצייג, ווען ער האָט פֿון דעם שטיין און דעם שטעקען, וועלכע מיר טרעפֿען שוין ביי די מאַלפּעס, געמאַכט אַ האַמער, אַ האַק אָדער אַ שפּיז. ביז איצטער איז זיין שפּייז בעשטאַנען דערהויפּט פֿון אינזעקטען און בוים־פֿרוכטען. יעצט גיט איהם דער שפּיז די מעגליכקייט צו טויטען אויך גרעסערע חיות און ער הויבט אָן זיך צו נעהרען אויך מיט פֿלייש. אָבער די גרעסערע חיות האַלטען זיך אויף געוועהנליך אויף דער ערד און דער מענש איז יעצט געצוואונגען פֿערלאָזען זיין פֿריהערדיגען וואָהנאָרט, די ביימער, און אויך אַראָבלאָזען זיך אויף דער ערד. אַ ווייטערדיגער און העכסט וויכטיגער רעזולטאַט פֿון דער ערפֿינדונג פֿון געצייג איז די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פֿון דער אַרבייטסטיילונג. אויך די חיות ווייסען שוין, ווי מיר האָבען געזעהען, פֿון צוטיילען די אַרבייט. דאָס בעשטעהט ביי זיי אין דעם, דאָס געוויסע אינדיווידוען נעהמען אויף זיך אַ בעשטימטע אַרבייט, מיט וועלכער נאָר זיי פֿערנעהמען זיך. איינער, למשל, היט די הערדע, דער אַנדערער איז איהר אָנפֿיהרער א. ד. גל. די אַרבייטסטיילונג, וואָס ענטוויקעלט זיך יעצט ביי די מענשען, איז אָבער אַן אַנדערע. זי דריקט זיך אויס אין דעם, דאָס יעדערער אַרבייט מיט אַ בעשטימטען געצייג און פּראָדוצירט בעשטימטע געגענשטאַנדען. די צאָהל פֿון די פּראָדוקציאָנסמיטלען ווערען מיט דער צייט אַלץ גרעסער, די אַרבייטסטיילונג ענטוויקעלט זיך אַלץ מעהר. דאָס פֿערגרעסערט די מאַכט פֿון דער מענשליכער געזעלשאַפֿט אין איהר קאַמפּף געגען די נאַטור־קרעפֿטען און די חיות; זי פֿיהרט אָבער דערצו, דאָס דער אינדיווידואום פֿיהלט זיך אַליין אַלץ שוואַכער און ווערט אַלץ אָבהענגיגער פֿון דעם כלל. דער איינצעלנער, וואָס פּראָדוצירט איצטער נאָר בעשטימטע געגענשטאַנדען, איז ניט אימ־

שטאנד אליין צו בעפריעדיגען אלע זיינע בעדערפניסען און קען דעריבער אהן די געזעלשאפט בשום אופן ניט אויסקומען.

ווי ווירקט דאס אלץ אויף די זיטליכקייט פון דעם מענשען? אלע סאציאלע אינסטינקטען געהען איבער פון דער טהירישער וועלט אויך צו דער מענשליכער געזעלשאפט, זיי ווערען אבער דא נאך בעדייטענד שטארקער, ווייל דאס, וואס דער מענש קען איצט ניט עקזיסטירען אליין, מוז פיהרען דערצו, אז ביי איהם זאלען זיך נאך פערשטארקען די אינסטינקטען, וואס זענען נויטיג פאר דעם קיום פון דער געזעלשאפט, ד. ה. ביי איהם זאלען זיך נאך מעהר איינווארצלען די סאציאלע געפיהלען, די זיטליכקייט.

צו דעם זעלביגען רעזולטאט פיהרט אויך דער בייט מיט די אויסגעארבייטע פראדוקטען, וועלכער מוז אלע מאל פארקומען אין א געזעלשאפט מיט ארבייטסטיילונג און צוליעב וועלכען די מענשען מוזען זיך אלץ עפטער בעגעגענען און אלץ מעהר זיך אינטערעסירען איינע מיט די אנדערע. נאר דאס איז נאך ניט אלץ. אין דער טהירישער געזעלשאפט איז דער אינדיווידואום אין א בעדייטענדען גראד זעלבסטשטענדיג, עס איז פאר איהם נאך מעהר אדער ווייניגער מעגליך אלע זיינע בעדערפניסען אליין צו בעפריעדיגען, דעריבער דארף ער ניט האבען קיין פיעלע מיטלען אויף צונויפצורעדען זיך מיט זיינע חברים און קען אויסקומען נאר מיט אויסגעשרייען, וואס דריקען אויס פרייד, שרעק, כעס, געפאהר א. ד. גל. אנדערש איז עס אבער אין דער מענשליכער געזעלשאפט. ווען מען ארבייט צוזאמען, ווען מען פערטיילט פערשיעדענע ארבייטען אדער מען בייט זיך מיט פראדוקטען, קען מען זיך ניט בעגנוגענען מיט די טהירישע אויסגעשרייען. די ארבייטסטיילונג איז ניט מעגליך אהן נעמען פאר געגענשטאנדען און האנדלונגען; זי קען זיך נאר אויף אזוי פיעל ענטוויקלען, אויף וויפיעל עס ארבייט זיך אויס די שפראך און רופט פון איהר זייט ארויס דאס בעדערפניס דערצו. דורך די שפראך ווערט געוואונען א נייער מעכטיגער מיטעל מיט וואס צוזאמענצוהאלטען די געזעלשאפט; א דאנק איהר ווערען די סאציאלע אינסטינקטען פיעל שטארקער, און דער מענש הויבט זיך אן צו פערהאלטען צו דער זיטליכקייט מיט א פיעל גרעסערען בעוואוסטזיין.

א וויטערדיגער מיטעל צו ענטוויקלען די מאראלישע געפיהלען איז די מלחמה. מיר האבען ניט קיין גרונד אנצונעהמען, דאס דער אורמענש איז געווען א קריעגערישע בעשעפעניס. עס קען זעהר זיין, דאס צווישען די מענשען־מאלפעס פלעגט פארקומען געשלעג פאר די בוימער, וואס זענען געוועזען בעלאדען מיט פרוכטען; דאס

עס זאָל אָבער דערבײַ קומען צו הריגות איז זעהר אַ גרויסער ספק. דאָס האָט זיך אומגעביטען, ווען דער מענש איז געוואָרען אַ יעגער און האָט זיך צוגעוועהנט צו פערגיסען פרעמדעס בלוט. יעצט הויבען זיך טאַקי אָן בײַ איהם צו ענטוויקלען קריעגערישע אינסטינקטען. דערצו קומט נאָך פאָלגענדער אומשטאַנד. די יעגער מוזען זיך, ווי מיר ווייסען, אויפהאַלטען אין גראָז־ערטער, אויף די לאָנקעס, ווײַל דאָ געפינען זיך דאָס רוב די חיות, נאָך וועלכע מען יאָגט זיך. צו טויטען אַ חיה גיט זיך אָבער ניט אַלע מאָל אײַן, און וואָרצלען און פירות, וועלכע דינען אויף דעם אורמענשען אַלס נאַהרונגס־מיטעל, איז אויף די לאָנקעס פאַראַן ווייניג. דעריבער פיהרען די אורפעלקער פאַר גוטע יאַגד־פּלעצער אַ קאַמפף אויף לעבען און טויט, אַ קאַמפף, וועלכער ענדיגט זיך אָפט ניט נאָר דערמיט, דאָס דער שונא ווערט געטויט, נאָר אָפט אויך אויפגעגעסען.

ווי מיר זעהען, ענטוויקלען זיך כסדר די סאָציאַלע אינסטינקטען בײַם מענשען נאָר אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער הויבט אָן צו נעהרען זיך מיט פלייש. פון דער צײַט אָן בעדײַטעט העכערע קולטור שוין ניט אַלע מאָל גרעסערע הומאַניטעט, גרעסערע זיטליכקײַט; מען קען זאָגאַר זאָגען, דאָס די מאַלפע איז הומאַנער, ד. ה. מענשליכער איידער דער מענש. די מלחמה מאַכט אָבער דעם מענשען ניט נאָר בלוטדורשטיג און האַרטהערציג בנוגע צו דעם שונא, נאָר זי איז פון דער אַנדערער זײַט אַן אויסגעצייכענטער מיטעל נאָך פעסטער צוזאַמענצובינדען די מיטגליעדער פון דעם זעלביגען פאָלק. וואָס גרעסער עס ווערען, אַ דאַנק דעם קריעג, די סכנות פאַר דעם אינדיווידואום, אַלץ אָבהענגיגער פיהלט ער זיך פון דעם פאָלק, פון דער משפחה, צו וועלכער ער געהערט, ווײַל נאָר זי איז אימשטאַנד מיט פעראייניגטע קרעפטען צו בעשיצען איהם געגען דעם שונא. אָבער כדי צו פיהרען אַ קריעג מיט ערפאָלג, איז נויטיג ניט נאָר פיזישער כח, נאָר אויך זעלבסטאָפּפערונג, שכל, מוט און דיסציפּלין, און דיזע אייגענשאַפטען מוזען זיך אין צוזאַמענהאַנג מיט'ן קריעג וואָס ווײַטער אַלץ מעהר ענטוויקלען.

די פאָרמען פון דעם קריעג בײַטען זיך אָבער און ניט אַלע מאָל ווערט דער קריעג אַרויסגערופען דורך די זעלביגע סבות. זײַן ערשטע אורזאַך איז געווען דער הונגער אין נאַהרונגס־מיטלען. אָבער דיזע סבה הערט אויף צו שפּיעלען אַ ראָלע, ווי נאָר עס הויבען זיך אָן מעהר צו ענטוויקלען ערדבעאַרבייטונג און פיה־ווירטשאַפט. איצט טרעט אָבער אַרויס אַ נײַע קריעגס־אורזאַכע — דער בעזיץ פון רײַכטהום, ניט דער פּריוואַטער, ניט דער פערזענליכער

בעזיץ, נאָר דער קהל'שער. די פויערים, וואָס וואָהנען אין רייכע געגענדען, זענען יעצט ניט נאָר אימשטאַנד צו בעפֿריעדיגען אַלע זייערע בעדערפֿניסען, נאָר אויך זאַמלען אויף שפּעטער. אָבער צווישען די פֿרעמדע פֿעלקער געפֿינען זיך אויף זייער רייכטהום בעלנים, און די פויערים מוזען פֿיהרען מלחמה, כדי צו בעשיצען זייער בעזיץ. דער קריעג ווערט אַצונד רויב און קאַמפּף געגען רויב און דאָס איז ער אייגענטליך געבליבען ביז צום היינטיגען טאָג.

נאָר אויך דער אַרט מלחמה פֿערשטאַרקט די סאָציאַלע אינסטינקטען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען דער רייכטהום געהערט נאָך דעם כלל, ביז וואַנען פֿיהרען קריעג הייסט נאָך קעמפּפֿען פֿאַר די אינטערעסען פֿון דער געזעלשאַפֿט. דאָס אָבער ענדערט זיך, ווען עס הויבט זיך אָן צו ענטוויקלען דאָס פּריוואַט-אייגענטהום און עס בילדען זיך קלאַסען מיט ענטגעגענגעזעצטע אינטערעסען. יעצט ברענגט דער קריעג נוצען נאָר די רייכע, נאָר די הערשענדע קלאַסען, וועלכע פֿערגרעסערן דורך איהם דעם געביעט, וואו זיי קענען עקספּלואַטירען, אָדער פֿערמעהרען זייער מאַכט אויף דער רעכנונג פֿון די הערשענדע קלאַסען אין דעם איינגענומענעם לאַנד. פֿאַר די בעדריקטע קלאַסען האַנדעלט זיך ביי אַזעלכע מלחמות אָפֿט ניט וועגען זייער עקזיסטענץ אָדער וועגען דער פֿערבעסערונג פֿון זייער לאַגע, נאָר וועגען דעם, ווער וועט זייער הערשער זיין. עס איז קלאָר, דאָס אין אַזאַ פֿאָרם קען דער קריעג ביי דער פֿאָלקס-מאַסע קיין סאָציאַלע געפֿיהלען ניט אַרויסרופֿען. דאָס גלייכען אויך ביי די הערשענדע קלאַסען. די מלחמות, וואָס קאָסטען דעם פֿאָלק אַזוי פֿיעל אָפּפֿער, וואָרצלען ביי דיזע קלאַסען נאָך מעהר איין די אַנזיכט, דאָס די „ניעדריגע“ קלאַסען עקזיסטירען נאָר צוליעב דעם, כדי צו פֿערגרעסערן דעם רייכטהום און די מאַכט פֿון זייערע הערשער.

דאָס פּריוואַט-אייגענטהום שפּיעלט אָבער אין אָנפֿאַנג נאָך אַ קליינע ראָלע, עס הערשט נאָך דערווייל דערהויפּט דער קהל'שער בעזיץ אויף פּראָדוקציאָנס-מיטלען, הייזער, פֿיה-הערדען א. ד. גל. אַנדערש געזאָגט, עס הערשט נאָך דער פּרימיטיווער קאָמוניזם. סוף כל סוף ווערט אָבער דער קהל'שער בעזיץ אַרויסגעשטופּט, דער בעזיץ ווערט אַנ'אייגענטהום פֿון איינצעלנע פּערזאָנען אָדער איינצעלנע פֿאַמיליעס, עס ענטוויקעלט זיך שטאַרק די אַרבייטסטיילונג.

אויך דער פּרימיטיווער קאָמוניזם ווייס פֿון אַנ'אַרבייטסטיילונג. אָבער די אַרבייטסטיילונג, וואָס ענטוויקעלט זיך יעצט, האָט גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען; זי פֿיהרט שוין יעצט ניט דערצו, דאָס עס פֿערמעהרט זיך דורך איהר דער קהל'שער רייכטהום, נאָר זי נעהמט

אָן אַזאַ פֿאָרם, דאָס פֿון דער קהל'שער אַרבייט טיילען זיך אָב אַלץ מעהר איינצעלנע אַרבייטען און ווערען פּריוואַטע בעשעפֿטיגונגען פֿון זעלבסטשטענדיגע בעלי-מלאכות, וועלכע אַרבייטען אָדער אַליין אָדער צוזאַמען מיט זייער הויזגעזינד. די אַרבייטסטיילונג, וועלכע פֿאָרם זי זאָל ניט אָננעהמען, מאַכט אַלע מאָל דעם אינדיווידואום אָבהענגיג פֿון דער געזעלשאַפֿט און מוז ביי איהם דעריבער אַלע מאָל ענטוויקלען מאָראַלישע געפֿיהלען. אָבער די שטאַרקייט פֿון די דאָזיגע געפֿיהלען איז ניט שטענדיג גלייך; זי בייט זיך צוזאַמען מיט די עקאָנאָמישע בעדינגונגען. אין דעם פּעריאָד, ווען עס הערשט דאָס פּריוואַט-אייגענטהום זענען די סאָציאַלע אינסטינקטען אָהן אַנ'ערך שוואַכער, איידער אין דעם פֿריהערדיגען פּעריאָד. דאָס ערקלערט זיך טיילווייז דערמיט, דאָס דער פּראָדוצענט קומט איצט אין בעריהרונג נאָר מיט איינצעלנע מענשען און דאָס די געזעלשאַפֿטליכע ענינים ריהרען איהם יעצט דירעקט ניט אָן. נאָך וויכטיגער איז אָבער דאָ דער אומשטאַנד, דאָס עס ווערט יעצט פּראָדוצירט *סחורה*, ד. ה. עס ווערט פּראָדוצירט ניט פֿאַר זיך, ניט פֿאַר דעם אייגענעם געברויך, נאָר צום פֿערקויפֿען, פֿאַר'ן מאַרק. די פּראָדוצענטען, וואָס אַרבייטען אויס די זעלביגע סחורות, מוזען אָבער ווערען אין אַ געוויסען זין שונאים צווישען זיך, ווייל ווען די סחורה פֿון איינעם ווערט פֿערקויפֿט, קען צוליעב דעם בלייבען ליגען די סחורה פֿון דעם אַנדערן; זיי מוזען אָנהויבען צו קעמפֿפֿען איינע מיט די אַנדערע פֿאַר'ן מאַרק, זיי מוזען *קאָנקורירען*.

דער קאָנקורענץ-קאַמפֿף ווירקט אויף די סאָציאַלע אינסטינקטען אַלע מאָל און אומעטום אויף דעם ערגסטען אופֿן, ווייל אין דעם דאָזיגען קאַמפֿף זענען מנצח די, וואָס רעכענען זיך ניט מיט קיינע מאָראַלישע פֿאָדערונגען, וואָס האָבען אין זינען נאָר זייערע אייגענע אינטערעסען. וואָס ווייטער עס ענטוויקעלט זיך די סחורה-פּראָדוקציאָן, ווערט אין דעם פּרט אַלץ ערגער, און די סאָציאַלע אינסטינקטען, די זיטליכקייט וואָלטען גאָר אין גאַנצען געוואָרען אָבגעשוואַכט, ווען די אַלגעמיינע סחורה-פּראָדוקציאָן וואָלט ניט עקזיסטירט אַזאַ קורצע צייט — זי הערשט קוים הונדערט יאָהר — און ווען עס וואָלט זיך ניט וויזען אַ נייער קוואַל פֿון מאָראַלישע געפֿיהלען. דער דאָזיגער נייער קוואַל פֿון זיטליכקייט איז דער *קלאַסענקאַמפֿף* פֿון די ערוואַכענדע פֿאָלקס-קלאַסען, אַ קאַמפֿף, וואָס ווערט געפֿיהרט ניט דורך געדונגענע זעלנער, ניט דורך צוואַנגס-אַרמעען, נאָר דורך פֿרייוויליגע, ניט פֿאַר פֿרעמדע אינטערעסען, נאָר פֿאַר די אינטערעסען פֿון דעם אייגענעם קלאַס.

## .III

נאָך מעֶהר אײדעֶר די *שטאַרקײַט* פֿון די מאָראַלישעֶ געֶפֿיהלעֶן בײַט זיך מיט דעֶר עֶנטװיקלונג פֿון דעֶר געֶזעֶלשאַפֿט װײַעֶר *װירקונגס־סבֿיבה*. געֶװעֶהנליך מײנט מעֶן, דאָס די מאָראַל רעֶגולירט בכלל די בעֶציהונגעֶן צװישעֶן מעֶנש און מעֶנש. אָבעֶר אין דעֶר אמת׳ן איז דאָס ניט אַזױ; אין דעֶר אמת׳ן װירקעֶן די סאָציאַלעֶ אינסטינקטעֶן דעֶרהױפּט בנוגע צו די אָנגעֶהעֶריגעֶ פֿון *דעֶר זעֶלבּיגעֶר געֶזעֶלשאַפֿט*, דעֶרהױפּט בנוגע צו די, װאָס געֶהעֶרעֶן צו דעֶר זעֶלבּיגעֶר משפּחה, צו דעֶם זעֶלבּיגעֶן פֿאָלק אָדעֶר קלאַס. פֿאַר װאָס דאָס איז אַזױ, װעֶט אונז קלאָר װעֶרעֶן, װעֶן מיר װעֶלעֶן בּעֶטראַכטעֶן די עֶנטװיקלונג פֿון דעֶר זיטליכקײַט. װי מיר האָבּעֶן געֶזעֶהעֶן, זעֶנעֶן די סאָציאַלעֶ געֶפֿיהלעֶן אין אָנהױבּ געֶװעֶן נאָר אַ מיטעֶל צו קעֶמפֿעֶן מיט עֶרפֿאָלג פֿאַר׳ן לעֶבּעֶן, און דעֶר מעֶנש האָט דעֶריבּעֶר זיך געֶנױטיגט דאַמאָלסט נאָר אין די פֿון זײַנעֶ מיטמעֶנשעֶן, װעֶלכעֶ האָבּעֶן צוזאַמעֶן מיט איהם געֶפֿיהרט דעֶם קאַמפּף פֿאַר דיזעֶר עֶקזיסטעֶנץ, ד. ה. עֶר האָט זיך געֶנױטיגט נאָר אין די מיטגליעֶדעֶר פֿון דעֶם אײגעֶנעֶם שבֿט. מיט אַלעֶ אַנדעֶרעֶ מעֶנשעֶן האָט עֶר זיך אָדעֶר ניט אינטעֶרעֶסירט אָדעֶר געֶקוקט אױף זײ װי אױף שונאים, געֶגעֶן װעֶלכעֶ מעֶן מוז קעֶמפֿעֶן. צוליעֶבּ דעֶם רופֿט דעֶר מעֶנש, װאָס געֶהעֶרט ניט צו דעֶם אײגעֶנעֶם שבֿט, ניט נאָר ניט אַרױס צו זיך קײנעֶ סאָציאַלעֶ געֶפֿיהלעֶן בײַ דעֶם פּרימיטיװעֶן מעֶנשעֶן, נאָר די דאָזיגעֶ געֶפֿיהלעֶן װירקעֶן אַפֿילו *געֶגעֶן איהם*, װײַל װאָס זיטליכעֶר עֶס איז דעֶר פּרימיטיװעֶר מעֶנש, אַלץ מעֶהר איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן איז עֶר דעֶר געֶזעֶלשאַפֿט, צו װעֶלכעֶר עֶר געֶהעֶרט, און אַלץ מיט גרעֶסעֶרעֶר פֿײַנדשאַפֿט פֿעֶרהאַלט עֶר זיך צו די פֿרעֶמדעֶ.

די סאָציאַלעֶ גוטעֶ מדות װי זעֶלבּסטאָפּפֿעֶרונג, אמת, גוטסקײַט א. אַז. װ. גילטעֶן אין אָנפֿאַנג (אין דעֶר צײַט פֿון דעֶם פּרימיטיװעֶן קאָמוניזם) נאָר פֿאַר די חבֿרים און ניט פֿאַר די אָנגעֶהעֶריגעֶ פֿון אַנדעֶרעֶ געֶזעֶלשאַפֿטליכעֶ אָרגאַניזאַציעֶס. מיט דעֶר צײַט שטױפּט אָבּעֶר דאָס פּריװאַט־אײגעֶנטהום אַרױס דעֶם פּרימיטיװעֶן קאָמוניזם און עֶס בּילדעֶן זיך קלאַסעֶן מיט פֿעֶרשידעֶנעֶ אינטעֶרעֶסעֶן. די סבֿיבה, בנוגע צו װעֶלכעֶר עֶס װײַזעֶן זיך אַרױס די מאָראַלישעֶ געֶפֿיהלעֶן, איז שױן ניט װי פֿריהעֶר דאָס אײגעֶנעֶ פֿאָלק, נאָר *דעֶר אײגעֶנעֶר קלאַס*, און עֶנטגעֶגעֶן דעֶר גאַנצעֶר געֶזעֶלשאַפֿט אָדעֶר װעֶניגסטעֶנס עֶנטגעֶגעֶן

די פֿיינדליכע קלאַסען ווייזען זיך יעצט אַרויס די סאָציאַלע אינסטינק־
טען אָהן אַניערך שוואַכער.

די קלאַסען־היפּוכים קענען וואַקסען נאָר אָהן אַ גרענעץ, ווייל
די עשירות פֿון די אונטערנעהמער ווערען אַ דאַנק דעם טעכנישען פּראָ־
גרעס — דער אײנפֿיהרונג פֿון נייע, פֿערבעסערטע מאַשינען א. ד. גל.
— מיט דער צייט אַלץ גרעסער, צו דער צייט ווען די פֿערדיענסטען
פֿון די עקספּלואַטירטע קלאַסען וואַקסען זעהר לאַנגזאַם.

דיזער גאַנג פֿון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פֿיהרט דערצו,
דאָס דער אָבגרונד צווישען די פֿערשידענע געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען
ווערט אַלץ טיעפֿער, די שנאה צווישען די עקספּלואַטירטע און די
עקספּלואַטאַטאָרס אַלץ שאַרפֿער. עס הויבט זיך אָן דער קלאַסען־
קאַמפּף, וועלכער נעהמט אָן אַלץ שאַרפֿערע פֿאָרמען און וועלכער
ברענגט אַ שרעקליכען שאָדען דער געזעלשאַפֿטליכער זיטליכקייט.

אָבער אינוועניג, אין די קלאַסען גופֿא, ווירקען די סאָציאַלע
געפֿיהלען מיט נאָך אַ גרעסערען כח ווי פֿריהער, אַזוי, אַז דאָס
רובֿ מענשען הוכט זיך אַביינד אויס, דאָס שיצען די אינטערעסען
פֿון דעם אײגענעם קלאַס הייסט זאָרגען פֿאַר דער גאַנצער געזעל־
שאַפֿט.

דערהויפּט פֿערשטאַרקט אָבער דער קלאַסענקאַמפּף די זיט־
ליכקייט ביי די עקספּלואַטירטע, געדריקטע קלאַסען, וועלכע קענען
פֿיהרען דעם קאַמפּף געגען זייערע הערשער נאָר אָפּפֿערנדיג מיט
זייער צייט, זייער געזונד און אַפֿילו מיט זייער לעבען. אַנדערש
איז דאָס ביי די הערשענדע קלאַסען. זיי קענען קעמפֿען פֿאַר זיי־
ערע אינטערעסען נאָר מיט דער הילף פֿון געדונגענע מענשען, וועל־
כע אַרבייטען אַנשטאָט זיי פֿאַר געצאָהלט מיט'ן ביקס, מיט'ן פּען
א. ד. גל. אַחוץ דעם פֿערהאַלטען זיך אָפֿט די מיטגליעדער פֿון
די הערשענדע קלאַסען מיט פֿיינדשאַפֿט איינע צו די אַנדערע אַ דאַנק
דעם קאַמפּף פֿאַר דעם מעהרווערטה און פֿאַר די פּראָדוקציאָנס־
מיטלען, מיט וועלכע דער דאָזיגער מעהרווערטה ווערט פּראָדוצירט.
דאָס איז דער קאָנקורענץ־קאַמפּף, וועגען וועלכען מיר האָבען שוין
אויבען דערמאָנט. די אַלע פֿאַקטאָרען, וואָס ווירקען נעגען די סאָ־
ציאַלע אינסטינקטען, געפֿינען ביי די עקספּלואַטירטע קלאַסען נאָר
אַ קליינעם באָדען. און וואָס קלענער עס איז דער דאָזיגער באָדען,
וואָס אָרעמער עס זענען די עהוואַכענדע, אויפֿקומענדע פֿאָלקס־מאַסען,
וואָס מעהר זיי זענען געצוואונגען צו פֿערלאָזען זיך נאָר אויף זייער
אײגענער קראַפֿט, אַלץ שטאַרקער פֿיהלען אַלע מיטגליעדער פֿון
דיזע קלאַסען זייער אחדות געגען די הערשענדע קלאַסען, אַלץ שטאַר־

קער ענטוויקלען זיך ביי זיי די סאָציאַלע געפֿיהלען בנוגע צו זייער אייגענעם קלאַס.

דער מאָראַלישער געזעץ גילט אַלזאָ נאָר פֿאַר די מיטגליעדער פֿון דער אייגענער געזעלשאַפֿט. דיזע געזעלשאַפֿט בלייבט אָבער ניט אַלע מאָל גלייך, זי קען אַרומכאַפּען אַ מעהר אַ וועניגער מיטגליעדער. דאָס פּריוואַט-אייגענטהום, דער קאַפּיטאַליזם, וועלכער צערייסט די געזעלשאַפֿט אויף קלאַסען און מאַכט ענגער די סביבה, בנוגע צו וועלכער עס ווירקען די סאָציאַלע אינסטינקטען, שאַפֿט אָבער פֿון דער אַנדערער זייט דעם יסוד פֿאַר אַזאַ אָרדנונג, ביי וועלכער די מענשליכע זיטליכקייט וועט קענען גילטען ניט נאָר פֿאַר בעשטימטע געזעלשאַפֿטליכע גרופּען, נאָר פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט, פֿאַר אַלעמען אָהן אַנ'אויסנאַהם. וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך די טעכניק, וואָס מעהר עס ווערען אויסגעבעסערט און געברויכט די מאַשינען, אַלץ פּראָדוקטיווער ווערט די אַרבייט, אַלץ גרעסערע רעזולטאַטען דערגרייכט מען דורך איהר. דעריבער קענען אויף דעם זעלביגען שטח זיך ערנעהרען וואָס ווייטער אַלץ מעהר מענשען, וועלכע אַרבייטען מיטאיינאַנדער און פֿאַראיינאַנדער און זענען אַ דאַנק דעם געזעלשאַפֿטליך פֿערבונדען. עס ווערט מיט דער צייט אויך גרעסער די צאָהל פֿון די געגענדען, וואָס פֿעראייניגען זיך אין אַ מלוכה, ד. ה. וועלכע בילדען אַ שטענדיגע געזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציע מיט אַ גלייכער שפּראַך, גלייכע מנהגים און גלייכע געזעצען.

דאָס זענען אָבער נאָך ניט אַלע פֿאַקטאָרען, וואָס קענען פֿערברייטערן די ווירקונגס-סביבה פֿון די מאָראַלישע געפֿיהלען. מיר האָבען דאָ עטליכע מאָל גערעדט וועגען דער ווירקונג פֿון דער אַרבייטס-טיילונג אויף די זיטליכקייט. מיר האָבען אָבער ביז אַהער אונטער דעם פֿערשטאַנען די נאַציאָנאַלע אַרבייטסטיילונג, ביי וועלכער יעדער פּראָדוצענט פּראָדוצירט נאָר בעשטימטע געגענשטאַנדען. נאָר עס איז פֿאַראַן אויך אַ אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטסטיילונג, וואָס בעשטעהט אין דעם, דאָס געוויסע לענדער פּראָדוצירען אַזעלכע פּראָדוקטען, וועלכע ווערען אין אַנדערע לענדער ניט פּראָדוצירט. דיזע אַרבייטס-טיילונג האָט אָנגעהויבען צו שפּיעלען אַ ראָלע צייט עס האָט זיך אין אַ בעדייטענדען גראַד ענטוויקעלט די קאָמוניקאַציע איבער'ן ים און איבער דער יבשה, ד. ה. אין דער נייער צייט.

אויף אַזאַ אופֿן קענען פֿון אַ געוויסער צייט אָן איינע אָהן די אַנדערע ניט אויסקומען שוין ניט נאָר די איינוואָהנער פֿון דעם זעלביגען לאַנד, נאָר אויך איין לאַנד אָהן דעם צווייטען. וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבייטסטיילונג, אַלץ עפֿ-

טער בעגעגענען זיך די אנגעהעריגע פון די פערשידענע מלוכות, אלץ מעהר בעקענען זיי זיך מיט דער פרעמדער שפראך, פרעמדע מנהגים און איבערהויפט מיט דער פרעמדער קולטור און ווערען איינע די אנדערע פסיכאלאגיש נעהענטער.

דורך די ענטוויקלונג פון דער פראדוקציאן (ניט דורך די מאראלישע פערבעסערונג פון די מענשען) ווערט אויף אזא אופן געשאפען א אינטערנאציאנאלער קולטורקרייז, וועלכער כאפט ארום אי קריסטען, אי אידען, אי מאהאמעדאנער, אי היידען. פון דעם איז אבער נאך גאר ניט געדרונגען, דאס שוין יעצט קען עקזיסטירען אנ׳אלגעמיין-מענשליכע מאראל, דאס שוין יעצט קען דער מענש זיין זיטליך לגבי אלע זיינע מיטמענשען. די שעדליכע ווירקונג פון דעם פריוואט-אייגענטהום און דער קאנקורענץ אויף די זיטליכקייט איז אזוי גרויס, דאס זי מאכט כמעט צו גארנישט אלע אנדערע פאקטארען. אפילו אין די לענדער, וועלכע שטעהען עקאנאמיש זעהר הויך, האט זיך די אלגעמיינע זיטליכקייט ענטוויקעלט נאר ביים קלאסענבעוואוסטען פראלעטאריאט און ביי א אונבעדייטענדעם טייל פון דער בורזשואזיע, וועלכער איז ציגעשטאנען צו איהם. דער פראלעטאריאט האט זיך אין זיין פיהלען און דענקען אבגעטיילט פון דער איבעריגער בעפעלקערונג און האט זיך אויסגעארבייט אנ׳ אייגענע מאראל, וועלכע איז א היפוך צו דער מאראל פון דער בורזשואזיע.

דער קאפיטאליזם שאפט דעם יסוד פאר אנ׳אלגעמיין-מענשליכער מאראל, נאר ער שאפט דיזען יסוד דורך דעם, דאס ער טרעט די זיטליכקייט מיט די פיס. די קאפיטאליסטישע נאציאנען אין אייראפא ציהען אריין די אבגעשטאנענע, ניט-ציוויליזירטע פעלקער אין דעם קרייז פון אונזער קולטור, זיי טהוען דאס אבער נאר אויף דעם אופן, דאס זיי מאכען גרעסער די סביבה, וואו זיי קענען עקספלואטירען, דאס זיי אונטעריאכען די קאלאניאל-לענדער מיט די ערגסטע געוואלטמיטלען. ערשט דער פראלעטאריאט, וואס נעהמט ניט קיין אנטייל אין דער קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע, וואס קעמפפט און מוז געגען איהר שטענדיג קעמפפען, וועט שאפען אזא געזעלשאפטליכע ארדנונג, ביי וועלכער די גלייכהייט פון אלע מענשען בנוגע צום מאראלישען געזעץ וועט שוין מעהר ניט זיין קיין שעהנער חלום, נאר וועט עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט.

מיר האבען געזעהען, וואס פאר א ווירקונג עס האט די עקאנאמישע ענטוויקלונג אויף די מאראלישע אינסטינקטען, וועלכע דער מענש האט איבערגענומען ביי די חיות. די זעלביגע עקאנאמישע ענט=

וויקלונג שאַפט אָבער אויך אַ נייעס מאָראַלישען פאַקטאָר, וועלכער עקזיסטירט נאָר אין דער מענשליכער געזעלשאַפט. דאָס זענען די מאָראַלישע פאָרשריפטען, דער מאָראַלישער געבאָט. די זיטליכקייט פון די חיות איז, ווי מיר ווייסען, נאָר אַ אינסטינקט. דיזע אינסטינקטען געהען איבער אויך צו די מענשען. אָבער דער מענש, נאָך דעם, ווי עס ענטוויקעלט זיך בײַ איהם מעהר אָדער וועניגער די שפּראַך, קליידט אײַן זיינע מאָראַלישע געפיהלען אין ווערטער, ניט ווי די פאָרם פון אַ מאָראַלישען בעפעהל, אַ מאָראַלישען געבאָט, וועלכען עס דאַרפען פאָלגען אַלע מיטגליעדער פון דער געזעלשאַפט. אַלס אַ בײַשפּיעל פון מאָראַלישע פאָרשריפטען קענען דיענען די פאָדערונגען, מען זאָל ניט טויטען, ניט גנבענען, ניט זאָגען קיין ליגען א. ד. גל. דאָס זענען סאָציאַלע אינסטינקטען, אויסגעדריקט אין ווערטער. ווי די סאָציאַלע אינסטינקטען, אַזוי רעגולירען אויך די מאָראַלישע פאָרשריפטען די בעציהונגען פון דעם אינדיווידואום צו די אַנדערע מענשען; דערבײַ ווערען דיזע בעציהונגען צוגעפאַסט צו די אינטערעסען פון דער געזעלשאַפט. אָבער אַזוי ווי די מאָראַלישע פאָרשריפטען ווערען פאָרמולירט דורך מענשען, קען זיך דוכטען, דאָס זיי זענען אויסגעטראַכט געוואָרען פון איינצעלנע פערזאָנען — פון אַ קריסטוס, אַ משה רבנו א. אַז. וו. נאָר אַז עס איז פאַראַן אַ צוזאַמענהאַנג צווישען דעם זיטליכען געבאָט און די געזעלשאַפטליכע בעדערפניסען — איז בעוויזען דורך אַזוי פיעל פאַקטען, דאָס מען מוז דאָס אָננעהמען פאַר אַ פעסטגעשטעלטע זאַך.

די מאָראַלישע פאָרשריפטען בלײַבען אָבער ניט אַלע מאָל די זעלביגע; די פערענדערונג פון דער געזעלשאַפט רופט אויך אַרויס אַ פערענדערונג פון געוויסע מאָראַלישע כללים. די אורזאַך פון דעם איז די, דאָס יעדע געזעלשאַפט מוז, כדי צו קענען עקזיסטירען, האָבען אַזאַ מאָראַל, וועלכע איז צוגעפאַסט צו איהר. די זיטליכע פאָרשריפטען בײַטען זיך אַלזאָ, אָבער ניט גלײַך נאָך דעם, ווי עס בײַטען זיך איבער די געזעלשאַפטליכע בעדערפניסען. זיי זענען דאָך כללים, צו וועלכע מען איז אַזוי צוגעוועהנט, וועלכע זענען אין אונז אַזוי פעסט אײַנגעוואָרצעלט, דאָס אונז קען זיך דוכטען, אַז זיי זענען עטוואָס זעלבסטשטענדיגעס, אַזאַ זאַך, וואָס מוז אַלע מאָל בלײַבען גלײַך. די מאָראַלישע פאָרשריפטען, וואָס האָבען אַזאַ גרויסע בעדײַטונג פאַר דעם געזעלשאַפטליכען לעבען, קענען צוליעב דעם ברענגען דער געזעלשאַפט אויך אַ שאָדען, למשל דאַן, ווען זיי ווערען פערגליווערט און פאַסען זיך מעהר ניט צו צו די געזעלשאַפטליכע בעדערפניסען. ווען למשל אין דער פאַרקאַפּיטאַליסטישער

צייט, האט די מאראלישע פאדערונג „זיך בעגנוגענען מיט ווייניג" געהאט א זין, קען זי איצטער נאר פערהאלטען די געזעלשאפטליכע ענטוויקלונג. אין די פארקאפיטאליסטישע צייטען פלעגט ווערען אויסגעארבייט ווייניג פראדוקטען און דאמאלסט האט מען געקענט ברייט בעפרידיגען די אייגענע בעדערפניסען נאר אבגעהמענדיג דאס נויטיגסטע ביי דעם אנדערען. יעצט קען די געזעלשאפט אויסארבייטען אזא מאסע פראדוקטען, דאס יעדערער קען אין אונזער צייט לעבען רייך. דעריבער קען מען היינט אויף די פאדערונג זיך בעגנוגענען מיט ווייניג ניט קוקען ווי אויף א מאראלישע פאדערונג, ווייל פאלגען איהר הייסט נאר זיך לאזען שינדען פון דער רעגירונג און פון די קאפיטאליסטען. אבער די עקספלואטאטארען ווילען ניט, אז דער פראלעטאריאט זאל דאס פערשטעהן, און די מענשען, וואס שיצען די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאסען, ווי גלחים, רבנים, געוויסע שרייבער, סטארען זיך איינשמועסען דעם פאלק, אז ער מוז מיט געדולד טראגען זיין יאך און אז ער וועט דערפאר בעקומען זיין שכר אויף יענער וועלט. העלפען אבער ניט די שריפטען און די רעד און דער פראלעטאריאט נעהמט זיך פאר'ן קאמפף, כדי כאטש א ביסל צו פערבעסערן זיין לאגע, דאן טרעט ארויס אויפ'ן סצענע דער צווייטער דיענער פון דער בורזשואזיע — דאס מיליטער, די ארמעע, וועלכע צווינגט מיט געוואלט די עקספלואטירטע קלאסען אבצוהיטען די שוין לאנג=איבערגעלעבטע מאראלישע פארשריפטען, וואס דיענען נאר די אינטערעסען פון זייערע הערשער.

צוואנגסמיטלען ווערען אין דער היינטיגער געזעלשאפט אגב אויך דאן געברויכט, ווען דער מענש פאלגט ניט דעם מאראלישען געבאט צוליעב אמת'ער אונזיטליכקייט. מיט אזעלכע מענשען האבען יעצט צו טהאן די ריכטער און די פאליציי. אין דער קונפטיגער געזעלשאפט, וועלכע וועט ניט וויסען פון קיין קלאסען, וועט מען קענען גאנץ גוט אויסקומען אהן אלע געוואלט=מיטלען. מען וועט ניט דארפען האבען קיין ארמעע, כדי אונטערצוהאלטען די אבגעלעבטע מאראל, ווייל עס וועלען ניט זיין קיין קלאסען, וועלכע דאס קען ברענגען נוצען; מען וועט ניט דארפען האבען קיין יוסטיץ און קיין פאליציי געגען פערברעכער, ווייל די געזעלשאפטליכע מיינונג וועט דאן אליין זיין אימשטאנד מיט ערפאלג צו קעמפפען געגען די ניט־מאראלישע אינדיווידוען. דער איינצעלנער מענש פיהלט זיך געגען דער געזעלשאפט אזוי שוואך, דאס ער האט גאר קיין כח ניט ארויסצוטרעטען געגען איהרע איינשטימיגע פאדערונגען. צוליעב דעם וואלט אויך יעצט שוין די געזעלשאפט אליין געקענט צווינגען די

אינדיווידוען מיט שוואַכע סאָציאַלע געפֿיהלען ניט איבער צו זיין דעם
מאָראַלישען געבאָט. אָבער אין אונזער קלאַסענגעזעלשאַפֿט איז ניטאָ
און קען ניט זיין קיין איינהייטליכע געזעלשאַפֿטליכע מיינונג; אין
איהר עקזיסטירט נאָר די עפֿענטליכע מיינונג פֿון דעם אָדער יענעם
קלאַס, וואָס ווירקט בלויז אויף די מיטגלידער פֿון דעם אייגענעם
קלאַס און ניט אויף די גאַנצע געזעלשאַפֿט. אָבער אַזאַ צוטיילטע
געזעלשאַפֿטליכע מיינונג קען ניט דיענען פֿאַר די מענשען, ביי וועל-
כע עס זענען וועניג ענטוויקעלט די סאָציאַלע אינסטינקטען, אלס אַ
גענוגענדער צוואַנגס-מיטעל. צוליעב דעם קען די קאַפּיטאַליסטישע
געזעלשאַפֿט ניט אויסקומען אָהן אַזעלכע העסליכע איינריכטונגען,
ווי געפֿענגניס, טויט-שטראָפֿען און ד. גל.

ווי מיר האָבען געזעהען, טהוען די הערשענדע קלאַסען אַלעס
מעגליכעס, כדי צו צווינגען דאָס פֿאָלק צו האַלטען זיך פֿאַר די
אַלטע מאָראַל. זיי אַליין פֿיהלען אָבער אָפֿט אויף די ניט-צוגעפּאַסט-
קייט פֿון דיזער מאָראַל צום לעבען, נאָר זיי שטערט זי וועהר וועניג,
ווייל אין דער פּראַקטיק לאַכען זיי זיך אויס פֿון אַלע מאָראַלישע
פֿאָדערונגען, וואָס זענען ניט בעקוועם פֿאַר זיי און טרעטען זיי אי-
בער אָדער בעהאַלטענערהייט אָדער אַפֿילו אָפֿען פֿאַר אַלעמען.

צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען פֿיהרט דער ווידערשפּרוך צווי-
שען דער אָבגעלעבטער מאָראַל און די נייע געזעלשאַפֿטליכע בע-
דינגונגען ביי די עקספּלואַטירטע קלאַסען, ביי דעם פּראָלעטאַריאַט.
וואָס מעהר דיזע קלאַסען פֿערשטעהען, ווי גרויס עס איז דער היפוך
צווישען זייערע אינטערעסען און דער הערשענדער געזעלשאַפֿטלי-
כער אָרדנונג, אַלץ גרעסער ווערט זייער זיטליכער צאָרן און אַלץ
עפּעס שטעלען זיי אַרויס געגען די אַלטע, פֿון די אָבות געערבטע
זיטליכקייט, אַ נייע זיטליכקייט. וועלכע דאַרף לויט זייער מיינונג דע-
רייניגען די מאָראַל פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט. אויף אַזאַ אופֿן ביל-
דעט זיך ביי די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען אַ זיטליכער אידעאַל, און
וועלכען דיזע קלאַסען גלויבען אַלץ שטאַרקער, וואָס גרעסער עס
ווערט זייער מאַכט. דיזער זיטליכער אידעאַל בעשטעהט אין דעם
היסען וואונש אָבצושאַפֿען די עקזיסטירענדע אָרדנונג אַזוי, אַז אַלע
זאָלען זיין פֿריי און גלייך, ד. ה. אַז אַלע זאָלען האָבען גענוג פֿריי-
צייט אויף לעבענס-פֿערגניגען און אַז עס זאָל אין גאַנצען אויפֿהע-
רען צו עקזיסטירען דער היפוך צווישען אָרעם און רייך, צווישען
עקספּלואַטאַטאָרס און עקספּלואַטירטע.

מען דאַרף אָבער געדענקען, דאָס דער עטהישער אידעאַל איז,
אַקוראַט ווי די סאָציאַלע אינסטינקטען, נאָר אַ קראַפֿט, נאָר אַ

כלי־זיין, וועלכער גיט דעם פּראָלעטאַריאַט די מעגליכקייט מיט אַ גרעסערען ערפֿאָלג צו פֿיהרען דעם געזעלשאַפֿטליכען קאַמפּף פֿאַר'ן לעבען. דערביי דאַרפֿען מיר ניט מיינען, דאָס ביי דער פֿערווירקליכונג פֿון דער נייער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג שפּיעלען די הויפּט־ראָללע אונזערע אידעאַלען. דער נייער געזעלשאַפֿטליכער צושטאַנד, וועלכער וועט פֿערנעהמען דעם אָרט פֿון דעם אַלטען, העננט אָב ניט פֿון אונזער עטהישען אידעאַל, ניט פֿון דעם וואָס פֿאַר אַ געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג מיר האַלטען וועלען האָבען, נאָר פֿון די געגעבענע מאַטעריעללע בעדינגונגען. ער העננט אָב פֿון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, דעם געצייג, וועלכע די עקזיסטירענדע געזעלשאַפֿט געברויכט, פֿון איהר געשיכטע, פֿון דער נאַטירליכער סביבה, אין וועלכער זי לעבט, ד. ה. פֿון דעם קלימאַט, נאַטירליכע רייכטימער, נאַטירליכע וועגען (ימים, טייכען) א. אז. וו. אָבער נאָר מיט דער הילף פֿון דער וויסענשאַפֿט קענען מיר בעקאַנט ווערען מיט אַלע דיזע בעדינגונגען. נאָר די וויסענשאַפֿט קען אויך בעשטימען, וואָס פֿאַר אַ ציעל די עקספּלואַטירטע קלאַסען דאַרפֿען זיך שטעלען און מיט וואָס פֿאַר מיטלען זיי קענען דיזען ציעל דערגרייכען. דער זיטליכער אידעאַל האָט אָבער בלי ספק אויך אַ געוויסע בעדייטונג. מען דאַרף איהם נאָר ניט צוגעבען קיין צו גרויסע בעדייטונג און מען דאַרף וויסען, אין וואָס דיזע בעדייטונג בעשטעהט. דער זיטליכער אידעאַל, דער זיטליכער צאָרן גיט די רעוואָלוציאָנערע קלאַסען דעם מוטה, וועלכער איז נויטיג, כדי צו קעמפֿען געגען אַלע שטערונגען, וואָס זיי טרעפֿען אויף דעם וועג צו זייער בעפֿרייאונג; ער רופֿט ביי זיי אויך אַרויס דעם פֿערלאַנג צו זוכען מיטלען, ווי צו מנצח זיין די פֿיינדליכע קלאַסען, ווי צו פֿיהרען מיט ערפֿאָלג דעם קאַמפּף, וועלכער וועט מאַכען אַ סוף צו דער קלאַסען־העררשאַפֿט און וועט דורך דעם איינפֿיהרען אין לעבען די אַלגעמיין־מענשליכע זיטליכקייט.